יעקב פאַט

# יוֹאֶלִיק

אילוסטרירטע קינדער-ביבליאָטעק.

---

---

פאַרלאַג א. גיטלין

וואַרשע 1921

## I

די געשיכטע הייבט זיך אָן פֿון יענער צייט, ווען יואליקס טאַטע איז אַוועק, און אַוועק איז זיין טאַטע, ווי נאָך אַ סך טאַטעס און ברידער און פֿעטערס, — אין מִלְחָמָה. ווען ניט דאָס, וואָלט די גאַנצע מַעֲשֶׂה ניט געווען.

פֿריער איז יואליקס טאַטע געווען אַ סטאָליער ער פֿלעגט מאַכן שאַפֿעס און טישן, און ער פֿלעגט אָנשניידן סטרוזשקעס פֿאַר יואליקן, כְּדֵי יואליק זאָל האָבן מיט וואָס זיך צו שפּילן און נאָך פֿאַרטיילן די חֲבֵרִים. נאָכדעם האָט ער זיך אָנגעטאָן, ווי אַ סאָל-

דאַט, מיט אַ סאָלדאַטסקע היטל און געגעבען אַ ביקס און אַוועק.

געדענקט דאָס יאָליק גאַנץ גוט, ווי זיין גרויסער טאַטע האָט געוויינט, אים געקושט און געקושט זיך מיט דער מאַמען. אַזוי האָט דער טאַטע זיך ניט געקושט קיינמאָל מיט דער מאַמען.

— זיי געזונט, מיין קינד...

— וואוהין גייסטו, טאַטע?..

— אין מִלְחָמָה...

האָט יאָליק ניט גוט פאַרשטאַנען, וואוהין גייט דאָס זיין טאַטע, צו וואָס דאַרף דאָס זיין טאַטע גיין אין מִלְחָמָה, בְּשַעַת ער דאַרף דאָך גאָר נאָך צוקלייען די פּערדע פוס אין טיש, נאָר געפילט האָט ער, אַז דאָס איז עפּעס ניט קיין גוטע זאַך.

נאָר אָבער באַלד ווי דער טאַטע איז אַוועקגעגאַנגען און אים האָט נאָך אַפילו אַ ביסל געשטאָכען פון טאַטנס באָרד, איז ער אַרויסגעלאָפען מיט אַ גְדוֹלָה צו די קינדער:

— מיין טאַטע איז געגאַנגען אין מִלְחָמָה!... — און

דערציילט פאַר די קינדער אַלץ, וואָס עס האָט זיך געטאָן בײַ זײַ אין שטוב.

נאָכדעם האָט ער געוואוסט, אַז דער טאַטע איז ניטאָ. ער האָט דאָס געפילט אינדערפרי אין שטוב, ווען ער פלעגט אויפשטיין און פלעגט אַרײַנקומען אין גרויסן צימער פון די סטרוזשינעס אין ווערקשטאַט — שטיל, ליידיק. פעלט עפּעס, סקריפּעט קיין זאַך ניט און ער זעט ניט דעם טאַטן ווינגדיק זיך אַהין און צוריק בײַם העבלעווען. האָט ער דאָס געפילט אינ־אוונט, אַז ער פלעגט פון חדר קומען אַהיים. ער פלעגט זיך שפּילן, אָנשפּילן און נאָכדעם דערפילן, אַז ער איז מיט דער מאַמען אַליין בײַם טיש, נאָר זײַ בײדע, און דער טאַטע איז אַוועק. עס איז געווען בײַ זײַ אין שטוב אַקוראַט אַזאַ מעשה מיט די קעצעלאַך. מען האָט צוויי קעצעלאַך צוגענומען בײַ דער ווייסער קאַץ פלעגט יאָליק זיך שפּילן מיט דער קאַץ און איר באַוויינען:

— דײַנע קעצעלאַך זײַנען אַוועק אין מלחמה...

אַז יאָליק איז געגאַנגען אין חדר און געזען סאָלדאַטן אויפן גאַס, זײַנען זײַ אַלע געגאַנגען אין די־

זעלביקע שינעלן, ווי זיין טאטע, מערניט זיין שינעל איז געווען מיט לאנגע ארבל, לאנגע איבער די פינ־גער — פלעגט זיך אים אויסדוכטן, אז אט גייט זיין טאטע פון גאס, אט איז ער שוין געקומען צוריק פון מִלְחָמָה. ער איז דאך שוין אֶפְשַׁר צוואנציק טעג אין מִלְחָמָה!...

אויפן הויף האבן די ווייבער רק גערעדט וועגן די סאלדאטן און וועגן דער מלחמה, וואוהין זיין טא־טע איז אוועק, און די קינדער האבן זיך א גאנצן פארנאכט אפגעשפילט אין מִלְחָמוֹת. ער, יואליק, איז אליין געווען א טאטע, וואס האט א שינעל מיט לאנ־גע ארבל און פארט אוועק צו דער מִלְחָמָה הינטערן שטאט און זעגנט זיך מיט זיינעם א יינגל:

— זיי געזונט... זאלסט פאלגן דער מאמען... זאלסט גיין אין חדר!...

אקוראט, א שטייגער, ווי זיין טאטע האט אים אנגעזאגט.

יואליק איז דעמאלסט אלט געווען אכט יאר. ער האט געהאט א בלויע הימעלע מיט א דאשעק און מיט א קנעפעלע. ער האט שוין געקאנט אליין

אויפקאָכן די קליי און זי צורעכט מאַכן, ער האָט שוין אליין געקענט אויפשטעלן אַן אֶמֶתן טישל מיט הילצערנע פיס.

איז אוועק אַ סך צייט און עס איז אָנגעקומען אַ בריוו פון טאַטן. ביז יענער צײַט האָט נאָך יאָליק ניט געזען בײַ זיך אין שטוב דעם פאָטשטער מיט בריוו. דער טאַטע האָט געשריבן, אַז ער וועט געוויס קומען אַהיים. יאָליק האָט געמיינט, אַז ער וועט נאָך אין דעמוּלביקן טאָג קומען.

איז ער ניט געקומען אין דעמוּלביקן טאָג, אָבער ער וועט געוויס קומען, ווי נאָר עס וועט זיך ענדיקן די מלחמה, וועט ער קומען צוריק, ער וועט אַראָפּ־קומען, ווי אַ סאָלדאַט, ווי אַלע סאָלדאַטן — מיט אַ ביקס און מיט אַ שינעל. דער ביקס וועט שוין בלײַבן שטוב פאַר יאָליקן אויף דער צייט, ווען ער וועט ווערן אַ סאָלדאַט און גיין אויף מִלְחָמָה.

דער שכנטעס מיידעלע, באַשעלע, ווייס גאָרניט, אַז זיין טאַטע איז אוועק אויף דער מִלְחָמָה. דאָס וויל יאָליק איר באַווייזן, ווי אַזוי זיין טאַטע שלאָגט זיך און ער לויפט גלייך צו איר מיט קולאַקעס און אָנגע־

בלאָזענע באַקן און טוט אַ קנאַק אין ביידע באַקן. — אַט אַזוי האַלט מען דאָס מלחמה, נאָר זי פאַרשטייט ניט, זי דערשרעקט זיך און הייבט אָן צו וויינען.

מילאָ, אַז באַשעלע וויינט, מאַכט ניט אויס, זי איז דאָך אַ קליין מיידעלע און זי האָט מורא פאַר אַ מלחמה. אַלע קליינע מיידעלאך וויינען, נאָר אַ מאַמע זאָל גאָר וויינען, דאָס איז שוין מאָדנע. דאָס געדענקט יואָל גאַנץ גוט, אַז ער האָט זיך אויפגעכאַפּט אינמיטן שלאָף און געזען, ווי די מאַמע זיצט אַ נאַקעטע און וויינט. וואָס וויינט די מאַמע? — די מאַמע איז דאָך ניט באַשעלע, זי האָט דאָך ניט מורא, וואָס דער טאַטע שלאָגט זיך אויף דער מלחמה. ער, יואָליק, וויינט ניט. אַז דער טאַטע וועט קומען, וועט ער דאָס אים אַלץ דערציילן.

נאָכדעם האָט די מאַמע געמאַכט גאָר אַ גוטע זאַך. זי האָט געמאַכט די שטוב גאָר אַ גרויסע. מען האָט אַרויסגעטראָגן פון שטוב די גרויסע שאַפע און אַרויסגעלייגט אויף אַ וואָגן, נאָכדעם די דריי גרויסע טישן. יואָליק האָט געהאָלפן טראָגן, אַרויסגעטראָגן די ברעטער, דער טאַטע וועט געוויס שרייען — ער

האָט נאָך געדאַרפֿט צוקלייען די פּערטע פֿום אין טיש. איז געוואָרן ליידיק, געריים די גאַנצע שטוב. יאָגט זיך אַרום יואליק מיט באַשעלען. סטרוזשקעס זיינען דאָ גענוג. מיט די סטרוזשקעס קען מען .וואַרפֿן און שיסן, אַקוראַט, ווי מען שיסט פֿון ביקסן:

— פּיף־פּאַף!.. פּיף־פּאַף!..

און יואליק ווערט פֿאַררויטיקט און פֿאַרשוויצט פֿון זיין מִלְחָמָה.

די מאַמע האָט ערגעץ באַקומען אַ גרויסן קאָשיק און פֿלעגט פֿאַרפֿאַלן ווערן אויף גאַנצענע טעג. דער־פֿאַר פֿלעגט זי שטענדיק פֿאַרנאַכט ברענגען עפּל אין איר קאָשיק.

ער, יואליק, איז, דוכט זיך, גאָרניט געווען שול־דיק, נאָר דאָך פֿלעגט די מאַמע אויף אים שרייען:

— ווערסט אַ צעלאָזענער יונג... וואַרט, ס׳וועט אַראָפּקומען דער טאַטע!...

אַדְרַבָּה, זאָל אַראָפּקומען דער טאַטע. דער טאַ־טע פֿלעגט אַליין זאָגן, אַז מען מעג אַרומלויפֿן אי־בערן שטוב, מען דאַרף נאָר די קליי ניט אויסגיסן.

איינמאָל זיינען אַלע קינדער אַרויסגעלאָפֿן פֿון

הויף אויף דרויסן. צום ערשטן מאָל האָט מען דאָס געזען. מען האָט אויף וועגענער געפירט סאָלדאַטן מיט ווייס־אַרומגעבונדענע קעפּ, מיט אַרומגעבונדענע הענט. יואליק האָט אַליין געזען, ווי איינער איז געלעגן אין וואָגן אויף שטרוי מיט אַ געלער באָרד און גע־שטאָרבן, ער האָט אַליין געזען, ווי ער איז געשטאָרבן. יענער מיט דער געלער באָרד האָט געקוקט, געקוקט און געשטאָרבן, געוויס.

אייגענטלאַך האָט דאָך דאָס מיט זיין טאַטן גאָר־ניט צו טאָן. זיין טאַטע איז דאָך אַוועק ווייט מיט די סאָלדאַטן און ער שיסט שוין געוויס מיט זיין ביקס, און זיין טאַטע האָט גאָר אַ שוואַרצע באָרד, גאָר אַ קורצע, ניט קיין געלע, נאָר עס האָט עפּעס שטיל אַ קלעם געטאָן ביי אים אין האַרצן...

איז ער דאָך אַ קליין יינגל, איז ער אַוועק אויפן הויף און האָט געמאַכט מיט די חברים אַ נייע שפּיל-די שפּיל אין לְוָיָה. מען האָט אָנגענומען איינעם פאַר די הענט און פאַר די פיס און געטראָגן, נאָך איב ווייגען אַלע יינגלאַך נאָכגעלאָפן און געוויינט, ווי נאָך

אַ גוישע לְוָיָה, און צווי חֶבְרָה־לייט האָבן נאָכגעמאַכט דעם קאָשטשאָל:

— בום... בום... בום!..

דערמולבּיקן אוונט, בשעת ער האָט זיך אויסגעטאָן צום שלאָפן, האָט ער געפרעגט בײַ דער מאַמען:

— ווי אַזוי דערשיסט מען עס אויף דער מִלְחָמָה?..

— מיט קוילן, ניט דאָ גערעכט... האָט די מאַמע געענטפערט.

— און דעם טאַטן קען מען אויך דערשיסן?..

— זאָל גאָט אויסהיטן, דו נאַריש יינגל...

דאָס איז געווען צום ערשטן מאָל, וואָס יאָליק האָט געטראַכט, אַז מ'קאָן דערשיסן זיין טאַטן. נאָכדעם האָט ער זיך אָן דעם אַ סך מאָל דערמאָנט און בּמעט ווי אַ גרויסער פלעגט ער אָפט פרעגן בײַ דער מאַמען:

— מאַמע, וואָס איז איצטער מיט דעם טאַטן?..

און די מאַמע האָט אפילו ניט געקענט טראַכטן וועגן דעם, וואָס עס מאַכט דער טאַטע: זי האָט געדאַרפט גאַנצענע טעג אומלויפן מיט איר קאָשיקה און פאַרקויפן אין גאַס געבעקס, עפּל, באָב און קיכעלאַך...

און מען פלעגט שוין מער ניט עסן קיין אָנבייסן און וואַרמעס, ווי אַמאָל, און מען פלעגט שוין ניט מאַכן קיין שַבָּת, ווי אַמאָל, — נאָר יואליק מיט דער מאַמען, אַן טאַטן...

און די מאַמע פלעגט זיך אָפט בייזערן אויף יואליקן, אַז ער רייסט אוים ביי איר דאָם האַרץ. דאָם איז טאַקע געווען אַ ביסל אֶמֶת — ער האָט זיך פון עמיצן אויסגעלערנט צו גלאָצן מיט די אויגן, בְּשַעַת מען רעדט צו אים אָדער וועגן אים...

ווי יואליק האָט געמיינט, האָט שוין דער טאַטע געדאַרפט פון לאַנג קומען. ער קאָן דאָך ניט וויסן, ווי לאַנג דער טאַטע זאמט זיך שוין אין דער מִלְחָמָה, נאָר עס איז שוין געווים וייער לאַנג. ער האָט שוין אין חֵדֶר לאַנג ניט געבראַכט קיין געלט, ער האָט שוין איינמאָל פאַר דער מאַמען אָפגעוויינט אַ גאַנצן אָוונט, אַז דער רבי האָט אָנגעזאָגט, דאָם ער וועט אָן געלט ניט אַריינלאָזן, און אויף מאָרגן האָט טאַקע דער רֶבִּי געשריען אויף אים:

— איך קאָן דאָך קיין יאָר ניט וואַרטן...

אין אַ וואָך אַרום, אַז יואליק האָט פון זיין מאַ-

מען ניט געקראָגן קיין געלט פאַרן רבּין, האָט ער זיך געוואַלגערט מיט אַ געוויין אויף דער ערד, גע־קלאַפּט מיט די צעריסענע שיכלאַך אָן דער פּאָדלאָ־גע און ניט געוואָלט גיין אין חדר.

— פון מיינטוועגן גיי ניט... ליג אין שטוב... —

האָט די מאַמע געזאָגט.

איז ער טאַקע ניט געגאַנגען אין חדר און זיך אַרומגעוואַלגערט אויפן הויף און נאָכדעם האָט מען אים אָפּגעגעבן אין תּלמוד־תּורה. דאָרטן איז ער גע־זעסן אויף איין באַנק מיט נאָך אַ יינגל, וועמענס טאַטע ס'איז אויך אוועק צו דער מלחמה. ביי האָבן־ביידע געלערנט פון איין צעפּליקטן חומש.

האָט דאָס אַזוי לאַנג געדויערט, אַזוי לאַנג זיך געצויגן, ביז מען האָט זיך דערוואוסט פון אומגליק, וואָס האָט געטראָפן מיט לייזער דעם סטאָלער — מיט יאָליקס טאַטן.

לייזשקע דעם שמידס זון איז געקומען פון פראָנט און האָט דאָס דערציילט: אויף אַ באַרג האָט מען דערשאָסן יאָליקס טאַטן.

לייזשקע האָט דערציילט, אַז דאָס איז געוועזן

בײַנאַכט. אַלע סאָלדאַטן זײַנען געקראָכן אויפן באַרג. זײ האָבן געדאַרפט האָבן דאָרט אויף יענער זײט. פון יענער זײט האָט מען געשאָסן. עס איז געװען פינ־סטער. מען האָט גאָרניט געזען, עס האָט נאָר גע־זשומט און געליװבט און געפלויגן אין װער לופטן, װי אָנגעגליטע אײזנס בײַם שמיד. אויף מאָרגן האָט לײזש־קע געפונען יאָליקס טאַטן אויפן באַרג. יאָליקס טאַ־טע האָט געהאַלטן אין האַנט די פאָטאָגראַפיע פון זײַן יאָליקן, נאָר ער איז שוין געװען אַ טויטער.

יאָליק איז נאָך געװען אַ קלײן ײנגל, נאָר דאָך האָט ער זיך אַזוי צעװײנט, אַז מען האָט אים ניט געקענט אײַננעמען. ער האָט געגנורעט זײַן קאָפּ צו זײַן מאַמען, געװײנט, און די מאַמע צוזאַמען מיט אים.

— װײ צו דיר, מײַן יתום...

און שוין, מער װעט שוין יאָליק זײַן טאַטן ניט זען. דאָרט ערגעץ אויף אַ באַרג איז ער געפאַלן, זײַן ביקס איז אויך געפאַלן אָן אַ זײט, פון אויבן האָבן געזשומט די קוילן און די פײַערן און ער איז געלעגן מיט יאָליקס בילד אין האַנט...

און יאָליק איז געװאָרן אַ יתום.

נאָך זיין טאַטנס טויט איז יאָליק אויף מאָרגן ניט געגאַנגען אין תּלמוד־תּורה. עס האָט אויסגעזען, ווי זיין מאַמע וואָלט זיך מערער דערמאָנט אָן איר קינד, אָפּגעזעסן מיט אים אַ גאַנצן טאָג אין שטוב און פאַרנאַכט, אַז זי האָט דאָך געדאַרפט גיין אָפּנע־מען די געבעקס פאַר אירע קונדן, האָט זי מיטגענו־מען מיט זיך יאָליקן. יאָליק האָט אַליין געוואוסט, וואו עטלאַכע קונדן וואוינען, און ער האָט זיי אַליין אַריינגעטראָגן--פאַרשפּאָרט דער מאַמען.

איז ער מיט איר אומגעגאַנגען עטלאַכע טעג, צומאָל מיט דער מאַמען גערעדט וועגן תּוך־זאַכן, וועגן פאַרדינסט און וועגן דעם טאַטן, צוגעלאָפן און פאַרשפּאָרט אַ גאַנג און עס איז פון זיך אַליין אַרויס־געקומען, אַז יאָליק איז געוואָרן אַ גרויסער מענטש, ער איז אַוועק העלפן זיין מאַמען ביי איר קאָשיק. ער איז צומאָל צוגעגאַנגען זאָגן קדיש, נאָר אין תּלמוד־תּורה האָט ער מער ניט געלערנט.

עפּעס אַ פּאָר לאַנגע הויזן האָט זיין מאַמע פאַר

אים געקראָגן און ער האָט זיי אַריינגערוקט אין זיינע שווערע, צערינענע שטיוול. זיין רעקל איז געווען מיט ברייטע לאַנגע אַרבל — זיין טאַטנס מאַרינאַרקע. א היטל האָט ער געהאַט פון ווייסע פאַרפל, אויסגע־פליקט אין שפּיץ.

האָט זיך געמאַכט אַמאָל, אַז עמיצער האָט אים געפרעגט אין גאַס:

— יינגל, וועסט קענען צוטראָגן דאָס פּעקל ?..

—כ'ל קענען...

האָט ער אָנגעהויבן צוטראָגן א פּעקל און דאַן אָנגעהויבן אליין צו פאַרדינען, אַנדערש האָט אָנגע־הויבן אויסצוזען זיין לענגלאַכער נעזל, זיינע פאַרהאַנ־גענע אויגן, ער האָט אָנגעהויבן צו ריידן מיט נייע ווערטער:

— ער האָט מיר אָפגעשטעקט א צענער...

אָדער:

— דאָס איז מיינער א קונד...

עפּעס גאָר אַ ניי יינגל.

און זיין מאַמעס פּנים איז געוואָרן האַרטער און פאַרעקשנט, ווי פאַרקלאַפּט עפּעס מיט א טיר א היל־

צערנער, עס האָט אויסגעזעהן, אַז זי האָט עפּעס פאַר־
געסן אַ גרויסע און וויכטיקע זאַך — אַז איר מאַן איז
געשטאָרבן - און זי פלעגט רק האַווען, יאָגן, ניט פרעגן
פאַרוואָס, צוליבוואָס... נאָר דאַכט זיך, אַז אָט באַלד
וועט זי זיך אָן אַלץ דערמאָנען.

און אַקוראַט אין יענער צייַט זיינען אַריין די
דייטשן אין שטאָט—דיזעלביקע, געווים, וואָס האָבן לייַ־
זער דעם סטאָלער דערשאָסן...

פריער זיינען סאָלדאַטן גיך געגאַנגען, אַ סך סאָל־
דאַטן, פולע גאַסן מיט סאָלדאַטן, מיט פערד, אַזוי־
פיל פערד, וואָס יואליק האָט נאָך קיינמאָל ניט געזעהן אַזוינס, און וועגענער זיינען געפאָרן, איינע נאָך די
אַנדערע, און געיאָגט זיך, און אינמיטן איז געלאָפן אַן
אָפיציר אויף אַ פערד און געשריען, היוך געשריען,
ווי זיי אַלע וואָלטן זיך פון ערגעץ אָפּגעריסן און
פאַלן אַראָפּ. די מענטשן האָבן גערעדט, אַז די
דייטשן יאָגן זיי, יואליק געדענקט דאָס גאַנץ גוט. ער
איז געשטאַנען אויפן בריקל פון שטוב צוזאַמען מיט
נאָך מענטשן און געקוקט דאָרטן אַראָפּ, וואו עס איז

געווען א גרויסע שׂרֵיפָה און דער הימל האָט געגליט
אין רויטקייט.

— קום אריין אין שטוב... — האָט די מאַמע אים גערופֿן, און ער איז געשטאַנען אויפֿן בריקל און געריסן זיין פּנים צו דער שׂרֵיפָה פֿון וואָקזאַל. ער האָט אַליין געזען, ווי איינע נאָך די אַנדערע זיינען די דייטשן געפֿאָרן איבער די טראָטואַרן אויף שטילע וועלאָסיפּעדן מיט שוואַרצע פֿעדערן אויף די היטלען.

ביי זיי אויפֿן הויף האָבן זיך באַזעצט דייטשן, מיט וועגענער, מיט פֿערד. יואליק איז דאָך שוין געווען א גרויסער מענטש, האָט ער זיך געפּרובט צענויפֿריידן מיט א גרויליאַבן דייטש פֿון זייער הויף:

— דו האָסט דאָס דערשאָסן מיין טאַטן אויפֿן באַרג?..

פֿאַרשטייט זיך, אַז דער דייטש האָט ניט פֿאַרשטאַנען, וואָס יואליק רעדט צו אים, האָט יואליק זיך גאָר אויסגעדרייט, צוגעגלאָצט מיט די אויגן און אונטערגעפּייפֿט.

עפּעס איז דאַמאָלסט נאָכדעם געוואָרן ניט גוט.
די מאַמע האָט מער ניט געהאַט וואָס צו טאָן מיט

איר קאָשיק, ער, יואליק, האָט אויך ניט געהאַט וואָס צו טאָן. מען האָט זיך אומגעדרייט איבער די גאַסן און שטאַרק געוואָלט עסן. ער, יואליק, מיט נאָך אַנדערע ייִנגלאַך, האָבן זיך אָנגעהויבן ארומדרייען אַרום די דייטשן און בײַ זיי געוואָלט קריגן ברויט — די דייטשן זײַנען אָבער שלעכטע.

נאָכדעם איז געקומען ווינטער. אַ שווערער און הונגעריקער ווינטער. בײַ זייער שכנן אין שטוב איז געווען אַ ייִנגעלע, האָט ער אויפגעהערט צו קענען גיין מחמת הונגער, זײַן קאָפּ איז אים משונה־גרוים געשוואָלן געוואָרן, די אויגן אויסגעקייִלעכט און אויסגעטייפט, ווי גלעזערנע. ער איז אַ גאַנצן טאָג געזעסן אויף די קאַלטע ששרויי פון שלאָפבאַנק אין קאַלטן שטוב און געביסן אַ שטיק געפרוירענע ברוטשקע, ביז ער איז געשטאָרבן. זײַן נאָמען איז געווען בערעלע.

יואליק פלעגט אָפּשטיין שעהן מיט דעם שוואַרצן טעפּל בײַ דער קיך. זיך שטויסן מיט די ווייבער, מיט גרויסע יידן און נאָכדעם טראָגן אהיים דעם וואַרימן טעפּל, ארײַנשטעקן זײַן קאָפּ און גייענדיק זופּן

די וואַרימע וואַסער פון די שוואַרצע וויקע. די ווייּ
בער פלעגן ריידן, אז פון די שוואַרצע וויקע ווערט
מען קראַנק און מען שטאַרבט. יואליק האָט פאַר
דעם ניט מורא געהאַט.

האָט יואליקס מאַמע אויסגעזוכט א נייע מְלָאכָה—
זי פלעגט אַוועקגיין מיט יואליקן און וואַלד נאָך האָלץ.
עס איז געווען ווינטערצייט. אין ווייסן, פאַרשנייטן
וואַלד האָבן די דייטשן געהאַקט די בוימער. מען
פלעגט לאָזן די אָרימע ווייבער אויפקלייבן און צונעּ
מען די האָלענדושעס. יואליק האָט עס געזען צום
ערשטן מאָל, ווי אַזוי מען זעגט אונטער א בוים, ווי
אַזוי מען טוט א צי מיטן שטריק און דער בוים
טוט אַ געשריי און פאַלט אום—באַך! און ער רייסט
נאָך מיט זיך יונגע ביימלאַך. די דייטשן ברענגען
האָלץ אייפן שניי און וואַרימען זיך. עס קנאַקט א
רויטער פלאַם און פלאַקערט מיט אַ געדיכטן רויך.
עס איז גוט צו וואַרימען זיך. ווי לאָזן, ביי די בייּ
מער ארבעטן געשמאַק די העק. די זעגן בייסן און
קייען מיט זייערע ציינער די ביימער. און אין ווייט
פאַרוואַרפט מען די שטריק און מען שרייט עפעס

הויך, אין אַן אַנדער זייט לאָזט מען שוין אַראָפּ אַ בוים... מען קען אַזוי שטעהן אין וואַלד צען שָעָה און זיך איינקוקן. אָבער יואליק מיט זיין מאַמען האָבן אַן אַרבעט — זיי קלייבן די אָפּגעבראָכענע צווייגן, מאַכן בינטלאַך מיט זייערע שטריק און טראָגן אין שטאָט אַריין. פון וואַלד אין שטאָט זיינען דריי ווערסט, גייט מען פּאַמעלאַך, מיטן בינטל צווייגן אויפן פּלייצע, פאָרויס גייט יואליק, נאָך אים גייט די מאַמע, גייען נאָך ווייבער, נאָך יינגלאַך, אפילו מיידלאַך אויך. מען טראָגט אין שטאָט אַריין צו פאַרקויפן.

פאַר דער צייט איז די מאַמע געוואָרן גאָר אַן אַנדערע: זי האָט שוין גרויע האָר, איר הָלַך און בְגָדִים זיינען אַקוראַט ווי יואליקס — שלעפּט זי אויף זיך אַרויף דעם טאַטנס צוריסענעם רעקל מיט די לאַנגע אַרבל, טוט אָן אויף זיך עפּעס אַ צעריסן טוך, בינדט זיך צו און בינדט זיך איבער, דרייט אַרום מיט שמאַטעס די צעריסענע, לאַטענע שיך און גייט-אָן אָרים מענטש. מערניט צומאָל גייט איר עפּעס אונטער אונטערן האַרצן, עס ווערט איר ניטגוט, זעצט זי זיך אָפּ מיטן בינטל האָלענדושעס און קרעכצט;

— גלייכער דער טויט... גלייכער...

ווערט יואליק בלייך און צעשראָקן. ער איז שוין אַ גרויסער יינגל, וואָס האָט ניט מורא פֿאַר קיין זאַך, נאָר ס'שטעלן זיך אים טרערן אין די אויגן:

— מאַמע, הייב זיך אויף...

עס איז געווען אין רעכטן מיטן פון זעלביקן ווינטער, ווען די מאַמע האָט אָנגעהויבן אַוועקצוגיין אויף ניט הי. יואליק האָט אַליין אויפגעשלאָגן מיט דעם טאַטנס האַמער אַ גרויסן שליטן און איז אַוועק מיט דער מאַמען אין דאָרף. דאָרט קויפט די מאַמע אַ האַלבן זעקל קאַרטאָפל, בעצאָלט פֿאַר אַ פֿור גרייפּן, אַמאָל קריגט זי עפּעס מעל — פירט מען דאָס אין שטאָט אַריין.

די מאַמע מיט יואליקן מוזן דאָך פאַרדינען. האָבן די דייטשן פאַרזאָגט, אַז מען טאָר ניט פון די דערפער פירן אין שטאָט אַריין, האָבן זיי געשטעלט פּאַטרולן און נעמען צו ביי די אָרימע ווייבער, וואָס טראָגן עפּעס מיט זיך און שילטן און שרייען!

— „צום דאָנער וועטער!"

האָט מען אַמאָל ביי יואליקס מאַמען אויך צוגע־

נומען, זי האָט געבעטן, זי האָט געוויינט — עס האָט אָבער ניט געהאָלפן. די פּאַטראָלן שלאָגן זיך מיט ביקסן:

— „צום דאָנער וועטער!"

אָבער ביינאַכט איז די וועכטערס קאַלט צו שטיין ביי די וועגן און היטן — לאָזן זיך די ווייבער ביינאַכט דורכן וואַלד. ווער עס גנבעט זיך דורך מיט קאַר־טאָפל, ווער עס גנבעט זיך דורך מיט גרויפּן.

איז איינמאָל ווינטער ביינאַכט געפאָרן מיט זיין שליטל אין וואַלד יואַליק מיט זיין מאַמען. יואַליק איז איינגעשפּאַנט און זיין מאַמע שטופּט דעם שליטל פון הינטן.

עס איז געווען אַ פראָסטיקע נאַכט — עס האָט געסמאַליעט. די הויכעביימער האָבן דאָרט עסקים געהאַט מיט די שטילע שטערן פון דעם ווינטערדיקן, פראָסטיקן הימל. דאָרט צווישן די ביימער איז ווייס און שרעקנדיק, דאָרט שפּאַצירן אַרום ניטגוטע צווישן די ביימער און רירן ניט אָן דעם שניי... פרייליכער איז נאָר פון דער לְבָנָה, וואָס שפּאַצירט און רוקט זיך, און גליטשט זיך איבערן הימל.

זיי ביידע גייען שוין פון לאנג געשפאנט אין זייער שליטל. זיי פארן אצונד אינמיטן נאכט פון דארף און דארפן זיך ארייננגנבענען אין שטאט אריין. סקריפעט זייער שליטל אויפן שניי און ביידע, מאמע און זון, שלעפן זיך, שלעפן און ס'איז קאלט, און עס איז אזוי ווייט דער וואלד. די הענט און פיס זיינען אזוי אומגעווינלאך שווער געווארן. אויף זייער שליטן ליגן צוויי זעקלאך קארטאפל.

— מאמע, נאך ווייט?...

— נאך ווייט...

נאכדעם איז דער מאמען עפעס אונטערגעגאנגען אונטערן הארצן און עס איז איר שטארק ניטגוט געווארן ביז צו חלשן — גאר אנדערש ווי אלעמאל, זי האט זיך געמוטט צוזעצן אויפן שליטל און ניט געקענט ריידן א ווארט און יואליק האט זיך געבעטן א צעשראקענער:

— נו, מאמע... נו... וואס איז...

און אין דער אויסגעשטערנטער, פראסטיקער נאכט האט די לבנה העל געמאכט דעם שווארצן פנים פון זיין מאמען, זיך דורכגעוועבט מיט אירע

גרויע האָר, וואָס האָבן אַרויסגעשטעקט פון אונטערן טוך, די הויכע ביימער האָבן זיך אַ רֵגַע אַ שאָקל געטאָן סוֹדוֹתדיק איינע צו די אַנדערע, ווי זיי וואָלטן עפּעס וויסן.

— וואָס איז דיר, מאַמע?... — האָט דער צעניאַ־ריקער זון געפרעגט מיט געוויין.

— פּרוביר פּאָרן, יואליק... מיר איז ניטגוט...

האָט זיך יואליק איינגעשפּאַנט אין שליטן, אַ דריי געטאָן אויף לינקס, אַ צי געטאָן, דער שניי האָט זיך צעסקריפּעט און דער שליטל איז אַוועק.

איז געלעגן די מאַמע אָנגעשפּאַרט און פאַר־וואָרפן מיט איר גרויען קאָפּ אויף די קאַרטאָפל און די זילבערנע לְבָנָה האָט אַקוראַט, ווי אַ מאַמע אַן אַלְמָנָה, געקוקט אויף איר און געקוקט אויך ערגעץ ווייט, וואו עס ליגט אויף אַ באַרג אַן אָרימער זעל־נער מיט אַ פאַרבלוטיקטער שוואַרצער באָרד...

און יואליק איז געגאַנגען איינגעשפּאַנט אין שליטן, ווי אַ יונג פערדל, די היטל אַראָפּגערוקט, דער לאַנ־גער רעקל איבערגעבונדן, דער קאָפּ אויפגעריסן איג־דערהויך, געשלעפּט די קאַרטאָפל, געשלעפּט די

מאַמען און זיך געוואונדערט, למאי וואוהין מען פאַרט ניט, קומט אַלץ אַרוים די לבנה אַנטקעגן...

III

נאָכדעם איז יואליקס מאַמע געשטאָרבן. צוויי וואָכן צייט איז זי אָפּגעלעגן אין בעט. זי איז אַלץ דאַרער און קלענער געוואָרן. יואליק פלעגט לויפן צו די שכנים, גיין אין אומזיסטן אפטייק נאָך רפואות, פון קיך ברענגען די וואַרימע וואַסער מיט די הארטע, שוואַרצע אַרבעס. עס האָט אָבער ניט געהאָלפן — זיין מאַמע איז געשטאָרבן.

ער, יואליק, האָט דאָס זיך אַליין דערקלערט אין יענעם פרימאָרגן, אַז זיין מאַמע איז געשטאָרבן. ווען זיין מאַמע איז אַקוראַט געשטאָרבן—אינאָווענט, ביינאַכט, אָדער פאַרטאָג--האָט יואליק ניט געוואוסט. ער האָט יענע נאַכט געשלאָפן. קיין טויטן האָט ער נאָך קיין-מאָל ניט געזען פון נאָענטן, נאָר ער האָט דאָס פאַר-טאָג דערזען אויף זיין מאַמעס פנים, אויף זיין מאַמעס אַראָפּגעהאַנגענע האַנט צו דער ערד, אויף איר אָפּע-נע מויל און ציין און אַראָפּגעלאָזענע ליפּ, אויף אירע

וויִם=אַרויפֿגעקווירערטע אויגן — דאָס איז געשטאָרבן...
צום בעסטן האָט ער דאָס פֿאַרשטאַנען נאָכדעם, ווי
ער האָט מיט זײַנע הענט אָנגערירט זײַן מאַמען, איר
פָּנים, איר נאָז, איר האַנט און זי האָט געשוויגן. ער
האָט זיך עפּעס מאָדנע דערשראָקן פֿאַר דער אומגע=
ווינלאַך שווײַגענדיקער מאַמען.

ער האָט זיך קודם דערשראָקן און נאָכדעם האָט
ער זיך צעוויינט. מיט די הענט האָט ער די טרערן
צעשמירט איבער זײַן ברייטן פָּנים, האָט פֿון מוֹרא
געעפֿנט די טיר פֿון זײַער דירה און געוויינט צו די
קאַלטע, שוואַרצע טרעפּ:

— די מאַמע איז געשטאָרבן...

און נאָכדעם האָט ער אין יענעם בלווילאַכן פֿאַר=
טאָג געקלאַפּט אין דער קאַלטער, הילצערנער טיר
פֿון דער שָכֵנטע, וואָס האָט געוואוינט אויף דיועלבי=
קע טרעפּ. דאָט מען געעפֿנט פֿאַרשלאָפֿענע די טיר
און מען האָט אים געפֿרעגט, וואָס ער וויל. האָט ער
ניט געוואוסט וואָס צו ענטפֿערן און האָט געוויינט.

דער פֿאַרשלאָפֿענער ניט אָנגעטאָנענער שָכֵן האָט
אָנגעקוקט דעם פֿאַרוויינטן און פֿאַרקלעמטן יאַליק,

וואָס האָט אינעווייניק אין זיך געבליפּעט, האָט ער ניט־געוואוסט, וואָס יואליק וויל פון אים. נאָר אַז די צעשוידערטע שכנטע איז אויך צו אַ דערשראָקענע צום טיר, האָט זי זיך אַ כאַפּ געטאָן:

—זעסט דאָך... זיין מאַמע איז מסתּמא געשטאָרבן...

אַז יואליק האָט דאָס דערהערט, האָט ער זיך הילכיג צעוויינט און די מענטשן האָבן ניט געוואוסט, וואָס מיט אים צו טאָן.

איז ער געבליבן שוין אינגאַנצן אַ יתום — אָן אַ טאַטן און אָן אַ מאַמען.

## IV

אויף זייער הויף האָבן געוואוינט דײַטשן, דייטשע זעלנער. יואליק איז שוין פון לאַנג געווען היימיש מיט די דייטשן. ער האָט געוואוסט, ווער עס הייסט פראַנץ און ווער אַרטור און וואו אַרטור איז אַ גאַנצן טאָג. ער האָט זיי שוין ניט איינמאָל געהאָלפן ברענגען צו טראָגן פּעקלאַך פון ״קאַזינאָ״ צו זיי אַהיים.

היינט, אַז מען האָט שוין אַרויסגעפירט יואליקס מאַמען, און ער איז אינגאַנצן געבליבן אַ יתום, איז ער

צוגעקומען צו דער טיר פון די דייטשן און ער האָט בײַ זיי אַרײַנגעקוקט, איז צוגעקומען אַרטור און האָט אים געגעבן אַ שטיק ברויט. יואליק האָט אַ כאַפּ געטאָן דאָס ברויט און איז אָפּגעלאָפן, פרייענדיק זיך צו זיך אַליין.

אַז ער האָט אָפּגעגעסן, האָט ער געוואָלט עפּעס טאָן פאַר די דייטשן, איז ער צוגעקומען צוריק צו זייער דירה און געזען ווי אַזוי פראַנץ מאַכט פון האָלץ פּאָליצעס אויף זייער וואַנט. האָט ער געפרעגט אויף דייטש:

— קען מען אויסקערן די דיל?...

— יאַ... קאַנסט... — האָט ער אים געענטפערט.

יואליק האָט פלייסיק און געשיקט אויסקערט און ריין געמאַכט די שטוב, האָט אַרטור אים געריימט:

— ביסט אַ בראַווער קערל...

ער האָט צופרידן געשמייכלט פון דעם, וואָס דער דייטש ריימט אים, און דאָס שטיל געלעכטערל איז דורכגעפלויגן איבער אים און זיינע צעפליקטע בגדים, ווי אַ פייגעלע.

האָט ער אַזוי אָנגעהויבן אַרײַנגיין צו די דייטשן,

פֿאָלגן אַ גאַנג און זיי פֿלעגן אים געבן קאַווע און ברויט מיט מאַרמעלאַד און צומאָל — שטיקלאַך פֿלייש פֿון בלעכענע פּושקעס.

אַמאָל האָט ארטור אים געגעבן טרינקען דעם לייכטן שנאַפּס פֿון סאָלדאַטישן בעכל. יואליק האָט זיך אַפֿילו אָנגעשיכורט, ער איז געוואָרן אינגאַנצן רויט, זיך געוואַקלט אויף די פֿיס און מאָדנע געשמייכלט. דער גרויסער ארטור האָט הויך געלאַכט:

— דער קליינער איז באַוויפּן... זאָ וואַר איך לעב...

ביי טאָג פֿלעגט ער פֿאַרפֿאַלן ווערן אויף אַ פּאָר שָׁעה אין קיך. ער האָט דאָרטן ניט אויסגעזאָגט, אַז זיין מאַמע איז געשטאָרבן און ער פֿלעגט באַקומען אויך איר חֵלֶק, און פֿלעגט דאָס אויפֿעסן צוואַמען. נעכטיקן פֿלעגט ער איינער אַליין אין דער גרויסער שטוב, וואו זיין טאַטע פֿלעגט מאַכן די שאַפּעס. ער פֿלעגט ניט אויסטאָן די בגדים, איינקנורען זיך אין דער פֿינסטער און שלאָפֿן אין דער קאַלטער בעט. אַמאָל אינמיטן נאַכט, בְּשַׁעת דער אָפּגעשפּילטער לאָדן פֿלעגט אַ קלאַפּ טאָן אין פֿענסטער, פֿלעגט ער

זיך אויפכאַפּן אַ דערשראָקענער, זיך גיך אויפזעצן אַ פאַרשלאָפענער און מיינען, אַז זיין טאַטע איז געקומען.

איינמאָל האָט געטראָפן אַזאַ מַעֲשֶׂה, וואָס האָט אים אינגאַנצן צעקריגט מיט די דײַטשן, באַזונדער מיט דעם אַלטן אַרטור. יענער האָט אים אַליין געלאָזן אין שטוב, ער זאָל אַכטונג געבן אויף די קאַווע, וואָס האָט זיך געקאָכט. יואַליק האָט דערזען אויפן פּאָליצע די בלעך מיט די מאַרמעלאַד, האָט זיך אים זייער פאַרגלוסט אַ ביסל מאַרמעלאַד. אַגַב, האָט זיך אים טאַקע זייער געוואָלט עסן. האָט ער זיך געשטעלט אויף אַ שטול און אויסגעצויגן די האַנט צום בלעך. האָט אָבער דער דייטשער זעלנער אויך געהאַט אַ גרויסן ברוינעם הונט, איז דעם הונט ניט געפעלן געוואָרן, וואָס יואַליק טוט, און ער האָט זיך אַ שטעל געטאָן מיטביידע לאַפּעס אויף דעמזעלביקן שטול—יואַליק האָט זיך דערשראָקן. ער האָט געמיינט, אַז עמיצער האָט אים אָנגעכאַפּט ביים פּוס. ער האָט אַ ציטער געטאָן און אַראָפּגעוואָרפן די בלעך מיט די מאַרמעלאַד, האָבנדיק שוין געדיכט איינגעשמירט זיין

גאַנצע האַנט. אין דער רגע איז גראָד אָנגעקומען דער גרויער דייטש און אַלץ דערזען.

— „צום דאָנער וועטער!..“ — האָט ער זיך צע־שריען, און אָנגעהויבן שלאָגן יאָליקן. דער הונט האָט עפּעס דערפילט נישט גוטעס און ער האָט אָנגעהויבן צו בילן. יאָליק האָט זיך דערשראָקן און איז אַנט־לאָפן און איז שוין מער צו די דייטשן ניט געגאַנגען.

וואָס זאָל ער איצטער טאָן?

איז אים געבליבן דאָס שליטל, מיט וועלכן זיי פלעגן פאָרן אויף ניט הי, אין דאָרף אַרײַן און זיך אַרײַנגנבענען דורכן וואַלד אין שטאָט אַרײַן, האָט ער גענומען זײַן מאַמעס ירושה — דעם שליטל — עס אַרויס־געשלעפּט פון שטוב, — באַטראַכט די אונטערגעשלאָגע־נע אײַזנס, איז אים געקומען אַ פּלאַן אין קאָפּ און ער איז מיט דעם שליטל אַרויסגעפאָרן פון הויף.

אַז מען פאָרט אַרויס מיט אַ שליטל אין גאַס, קען זיך מאַכן אַ פּעקל אונטערצופירן און מע קען עפּעס פאַרדינען. אויב ניט, וועט ער צופאָרן צו דער קיך און וועט דאָרט עסן דעם וואַרימן, שיטערן קרופּניק.

יואליק איז צוגעפאָרן צום ראָג גאַס. די יינגלאַך, וועלכע שטייען דאָרט שוין לאַנג מיט זייערע שליט־לאַך, האָבן אומצופרידן אָנגעקוקט דעם נייעם פרעמדן יינגל, וואָס איז דאָרט צוגעקומען — ווי אַליין פאַרדי־נען גאָרניט, איז נאָך צוגעקומען אַ נייער.

— זוך זיך אַ בעסערע שטאָט... — האָט איינער צו אים געזאָגט.

די איבעריקע יינגלאַך האָבן אָנגעהויבן אים אַוועק־צוטרייבן.

אָבער דאָרט געשטאַנען עפּעס אַ ייד אַ בעל־עגלה, וואָס האָט זיך פאַר אים אָנגענומען:

— לאָזט אים, לאָבוסעס, ער האָט ניט קיין טאַטן און ער האָט ניט קיין מאַמען...

דאָס האָט געווירקט אויף דעם קליינעם עולם פון גאַס און מען האָט אים געלאָזן שטיין און אַפילו נייגעריק אָנגעקוקט.

— אַז ער איז אַזאַ ברעקל... — האָט זיך איינער פון די יינגלאַך אָפּגערופן.

דער עולם חברה־לייט האָט אים היינט געלאָזן דעם ערשטן מאַכן אָן אָנהייב.

יואליק האָט אַוועקגעפירט אַ זעקל זאַלץ פון מאַרק אַראָפּ.

V

יואליק איז ניט לאַנג געווען אַ באַלעבאָס איבער זיין טאַטנס און מאַמעס דירה. ער האָט באַוויזן אויסצופאַרקויפן די איבערגעבליבענעווירטשאַפט, די אַלטע האָלשענע שאַפע, דעם קיך-טישל, די שוואַרצע טעפּלאַך — ער פלעגט פירן סוחרים צו זיך אין שטוב אַריין, אויפשליסן און צושליסן די טיר, זיך דינגען איבערן מקח, און סוף-כל-סוף פאַרקויפן. די דירה איז כּמעט אינגאַנצן ליידיק געוואָרן. דעמאָלט האָט איינמאָל דער באַלעבאָס אויפגעהאַנגען אַ שלאָס און יואליקן גופא מער ניט אַריינגעלאָזן, אפילו אינעווייניק איז נאָך געשטאַנען זיין בעטל מיט דער קליינער רויטער קישן און אַן אויבערציכל מיט דער האָריקער קאָלדרע. האָט יואליק אַריינגעקוקט דורכן לאָך פון שליסל, געקוקט אין זייער ליידיקער שטוב אַריין, וואו עס איז נאָר זיין בעטל געשטאַנען. אים האָט פאַרדראָסן אויף דעם באַלעבאָס, איז ער ניט אָפּגעגאַנגען,

ער האָט נאָר מַעֲשֶׂה בַּעַל-עֲגָלָה צורעכט געמאַכט דעם שטריק, מיט וועלכן ער איז געווען אַרומגעבונדן, אַראָפּגערוקט נידעריקער זיין הויך, צעפּליקט היטל ביז די גרויסע, גרויע אויגן.

איז ער אַוועק נעכטיקן אין דער גרויסער, שמוציקער שטוב פון „הַכְנָסַת-אוֹרְחִים״. וואו מען קומט און מען גייט אַוועק, מען שלאָפט און מען שטייט אויף און איינער ווייסט ניט פון דעם אַנדערן.

איז ניטאָ קיין דִירָה, איז ניט. ער איז נאָר געקומען מיט אַ חֶבְרָה יינגלאַך וועגל-פירער מיט אַ געשריי צום באַלעבאָס, אַז ער זאָל אים אַרויסגעבן זיין בעטל, און ער מיט די יינגלאַך האָבן זיך מיאוס געשאָלטן, פאַרשטייט זיך, אַז דאָס בעטל האָט מען אים געמוזט אַרויסגעבן און—אויס דירה...

— אַזוי באַגייט מען זיך מיט אַ יָתוֹם... — האָט נאָר אַריינגעזאָגט איינער פון די יינגלאַך דעם באַלעבאָס—אַ קלאָג צו אייך!..

די פורמאַנעס און וועגל-פירער האָבן שוין גוט יואליקן געקענט, „דער יתום״ האָבן זיי אים גערופן און אָפט צוגעשאַרט עפּעס אַ פאַרדינען.

דאָך איז אים אויסגעקומען זייער אָפט צו הונ־
גערן, טאַקע שטאַרק װעלן עפעס עסן און ניט האָבן
בעטן ביי א חבר אַ קיי און שטילן זיך מיט יענעמס
אַ שטיקל ברויט. דערפאַר איז אָבער אינאָװנט שטענ־
דיק געװען פרייליך, װי עס פלעגט נאָר טונקל װערן.
פלעגט מען גיין אין דער „װאַרים־האַלע" — אַ גרויסע
שטוב פאַר גאַסן־קינדער, װאו מען באַקומט אומזיסט
הייסע װאַסער, מען טיילט זיך מיט אַ סאַכאַרינקע
און מ'מרינקט. דאָרט שטיפט מען איינע מיט די אַנ־
דערע, מען שלאָגט זיך מיט די היטלען, מען מאַכט
פון צען־פופצען יינגלאַך אַ „באַרג שמאַטעס", איינע
אויף די אַנדערע, איינע אויף די אַנדערע, ביז גאָר
אינדערהויך. דאָרט דערציילט מען אויך נסים און גע־
לעכטערס פון גאַנצן טאָג און יואליק שטעלט פאָר,
װי אַזוי דער הינקעדיקער און שטומער „מעשענער
קאָפּ" בעט נדבות אין גאַס. מ'קען פּלאַצן פון גע־
לעכטער!

אַז עס װערט שפּעט, כאַפּט זיך יואליק אַריין
אין הכנסת־אורחים. מען װאָלט אים שוין דאָרט גע־
ווים ניט געלאָזן נעכטיקן, נאָר דער שמש װייס גאַנץ

גוט, אַז ער איז אַ יתום, טאָ וואָס זאָל ער מיט אים טאָן?... געפינט יוֹאַליק — אַ ווינקל, שפּאַרט זיך אַריין, קנורעט זיך צונויף און ווערט אַנטשלאָפן. ניט עמי־צער וויס פון אים, ניט עמיצער הערט פון אים, עס שטעקן נאָר אַרוים זיינע ברייטע, צעריסענע דייטשע שיך מיט די אייזנס אין די טרעטערס.

איז אַזוי אַוועק טאַקע אַ לאַנגע צייט, אַ סך חדשים. יוֹאַליק האָט זיך שוין אויסגעלערנט אַ סך מיאוסע זאַכן. ער האָט געטאָן, וואָס די אַנדערע יונג־לאַך האָבן געטאָן — אַראָפּגעכאַפּט פון אַ גויישן וואָגן, אַמאָל טאַקע עפּעס אַרויסגעשאָטן פון אַ קרעמערשן זעקל, וואָס ער האָט געפירט ביי זיך אויפן וועגל. און יוֹאַליק איז געווען גאַנץ פלינק אויף דעם — ער האָט געזען, ווי אַנדערע טוען און אויך געטאָן.

נאָר אָט איז איינמאָל מיט אים פאָרגעקומען אַ זאַך, וואָס האָט זיך זייער שלעכט אויסגעלאָזן. שולדיק זיינען ביידע פורמאַנישע יונגען — זיינוויל פלייצע און איטשעלע.

די ביידע פורמאַנישע יונגען וויסן פון אַ שטאַל, וואו עס ליגט חזיר־האָר, אַן אונטערשטער שטאַל.

דארף מען פון איבערשטן שטאל דורכן סטעליע אריינקומען אין אונטערשטן, וועלן זיי מאכן א לאך און מיט א שטריק יואליקן אראפלאזן אין אונטערשטן שטאל. ער וועט נעמען די חזיר-האר און זיי וועלן אים ארויפציען צוריק, א פאר מאל נאר אזוי, ווערן זיי רייך — אים, יואליקן, גיבן זיי א בארג מיט געלט...

— יואליק איז א קלוגער יאט... — ער וועט קע-נען — האבן זיי אים געקלאפט אויפן פלייצע, בשעת ער איז געשטנאען לעבן זיי א צעטומלטער, ווי ער וואלט אראפגעקוקט אין א טיפן, קאלטן ברונעם.

זיי זאגן, אז ער האט ניט פארוואס מורא צו האבן, אויף זייער אחריות, נישקשה, די גאנצע געשיכ-טע וועט געדויערן צוואנציק מינוט.

מען טאר ניט גנבענען? — לאכן גאר פון דעם די פורמאנישע יינגען, זיי האבן שוין ניט איינמאל גע-גנבעט — און גארניט.

און זיי ריידן אזוי שטרענג און אזוי מאדנע, אז מ׳קען זיך גארניט אפזאגן און ארויסדרייען.

יואליקן האט זיך געדרייט אין קאפ, עס האבן אנדערש געגלאנצט ביי אים די אויגן, די יינגען האבן

אים אַריינגענומען צו געליען אין שיינקל, געגעבן עסן און צוגערעדט:

— ביסט אַ קלוגער און אַ פלינקער יאַט... דו מאַכסט דאָס איינס און צוויי...

איז אים געפעלן געוואָרן, וואָס די יינגען ריידן וועגן אים אַזוי און ער האָט זיך בַּרְיָהִש אָפּגערופן:

— עס שפּילט ביי מיר גאָרניט קיין ראָליע, טאַקע איינס און צוויי און פאַרטיק!..

אַזוי איז ער מְרוּצֶה געווען.

## VI

עס איז דעמאָלט געווען אינאָוונט. אויפן הויף פון די חַזיר-האָר איז אַרויפגעפאָרן די פור מיט די פורמאַנישע יינגען און כלוּמְרשט דאָרט ביי דעם הייעענדלער געקויפט היי פאַרן פערד. געלאָזט דעם פערד דאָרט אַ ביסל זיך אָפּרוען. יואליק איז געווען מיט זיי. אויפן הויף איז געווען שטיל. פאַרזיכטיק האָבן זיי זיך אַלע דריי דערקליבן צום אויבערשטן שטאָק. צום שטאַל האָבן זיי געהאַט אַ נאַכשליסל, האָבן זיי געעפנט דעם שטאַל און אַלע דריי אַהין

ארײַן־ אויסשנײַדן אַ לאָך אין סטעליע איז בײַ די פֿורמאַנישע ייִנגען ניט שווער געווען—איינס און צוויי און פֿאַרטיק. יואליקן האָט מען אָנגעטאָן אַ ברייטן לע־דערנעם פּאַס, אויפֿן פּאַס האָט מען אָנגעבונדן שטריק און מען האָט אָנגעהויבן אים אַראָפּצולאָזן.

— באַלד רעכטס ליגן די געפּאַקטע פּעקלאַך מיט חויר־האָר... וועסט אָנטאַפּן די שטעכיקע... האָבן זיי אים אָנגעזאָגט.

ער האָט זיך געלאָזן אין דער נידער, אין דער פֿינסטער. בְּשַׁעַת מַעֲשֶׂה איז אים פֿ״ר די אויגן געקו־מען זײַן מאַמע. פֿאַרוואָס? ווי אַזוי די מאַמע? — סתם אַזוי, אין דער פֿינסטער, אין שרעק איז געקומען פֿאַר זײַנע אויגן די מאַמע און שטיל גערופֿן:

— ־יואליק... יואליק־...

ער האָט זיך געלאָזן נידעריקער אין דער פֿינ־סטער און עס האָט זיך אים געדוכט, אַז ער לאָזט זיך עפּעס אין אַ גרויסן, קאַלטן קעלער. פּלוצלונג האָט ער דערפֿילט, אַז ער איז געבליבן שטיין אויף די פֿיס. ער האָט ניט געוואוסט וואו צו גיין. ער האָט פֿאַרגעסן, וואו איז רעכטס און וואו איז לינקס.

ער האָט געשפּירט, אַז עמיצער גייט גלייך צו אים און נעמט אים אָן באַלד דווקא פאַרן האַלז. כּדי צו ווּיסן, וואָס מיט אים איז, האָבן די יינגען אים אַ צי געטאָן פאַרן שטריק. ער האָט דערפילט, אַז עמיצער האָט אים אַ ריר געטאָן אין דער פינסטער, האָט ער זיך דערשראָקן און געוועזן זיכער, אַז עמיצער האַלט אים, און האָט אָנגעהויבן צו שרייען ניט מיט זיין קול:

— גוואַלד!... גוואַלד!... ראַטעוועט!...

האָט ער דערהערט קלאַפּן איבער זיין קאָפּ, נאָכדעם האָט ער דערשפּירט, אַז די שטריק זיינען עפּעס לויז געוואָרן. האָט ער זיך אָפּגעזעצט אויף דער ערד. עס איז געווען שטיל. קיינער איז ניט גע־ווען לעבן אים. האָט ער זיך דערמאָנט אָן די חבֿר־האַר און אָנגעהויבן זוכן. ער האָט מיט די הענט דערטאַפּט עפּעס שטעקיקס. הייסט עס, אַז ער האָט איצטער דאַרפן זיי אים אַרויפציען אינדערהייך, נאָר זיי ציען נישט;

— נו... נו... — האָט ער גערופן, נאָר קיינער האָט אים ניט געענטפערט — שטיל. האָט ער אַ

צו געטאָן מיט איין שטריק, כּדי זיי צו דער־מאָנען, נאָר די שטריק איז אינגאַנצן אַראָפּגעפאַ־ן אויף אים, אים—אויפן קאָפּ—ווער שלאָגט זיך דאָס?—ער האָט זיך דערשראָקן.

האָט ער געוואָרט און נאָכדעם געפּרובט רופן:

— נו... שוין... נו... איך האָב!... גו!...

אָבער קיינער האָט זיך ניט אָפּגערופן. ער האָט דעמאָלט פּרובירט אַ צי טאָן פאַר דעם אַנדער שטריק — ער איז אויך אַראָפּגעפאַלן. הייסט דאָס, אַז קיינער איז אויבן ניטאָ. סטייטש?... וואו זיינען זיי?...

האָבן זיי אים אַליין געלאָזן אין פינסטערן שטאָל? ווי אַזוי וועט ער אַרויסגיין?...

ער האָט גאָרניט געוואוסט, אַז די פּורמאַנישע יינגען האָבן דערהערט אים שרייענדיק „גוואַלד!" האָבן זיי זיך דערשראָקן, ווייל זיי זיינען געווען זיכער, אַז עמיצער שלאָפט אין שפּייכלער פון די חזיר־האָר און מען האָט דאָרטן געכאַפּט יואליקן. האָבן זיי איבער־געלאָזן האַק און פּאַק און אַנטלאָפן זיך צו ראַטע־ווען -- איז יואליק דאָרט אַליין געבליבן אַרומגעבונדן מיט די שטריק...

וואָס זאָל ער אַצינד טאָן ?

ער ווייס אַליין ניט, פאַרוואָס אויף אים איז עפּעס אַרויפגעקומען אַ געלעכטער, ער האָט אָנגעהויבן לאַכן, לאַכן פון דער לאָך פון סטעליע, פון דעם וואָס ער איז אין פאַרשלאָסענעם שפּייכלער און קאָן ניט אַרויסגיין, וואָס אויבן זיינען ניטאָ די יינגען. וואָס איז אַזוי פינסטער, אַז מען זעט גאָרניט ; ס'דוכט זיך אים, אַז ער הערט ווי זייער וואָגן פאָרט אַראָפּ פון הויף.

האָט ער זיך דערקליבן צום באַרג חויר-האָר און האָט זיך דאָרט איינגעקנוועט און איז איינגעשלאָפן, שלאָפנדיק, האָט ער געפילט, אַז ער איז שטאַרק הונגעריק. ער האָט זיך עטלאַכע מאָל אויפגעכאַפּט און זייער געוואָלט אַ שטיקל פריש שוואַרץ ברויט, נאָר אָבער אַז עס ווילט זיך שלאָפן, שלאָפט מען.

גלייך פון פרימאָרגן איז דער באַלעבאָס פון שפּייכלער געגאַנגען צו זיינע חויר-האָר. ער האָט מיט דעם גרויסן אייזערנעם שליסל און נאָכדעם מיט די קלענערע שליסעלאַך אויפגעשלאָסן די טיר און עס

איז העל געוואָרן אין שפּייכלער. יואַליק איז זיך גע־
לעגן איינגעוויקלט, שטיל געאָטעמט און געשלאָפן. ער
האָט זיך אָבער באַלד אויפגעכאַפּט, אויפגעזעצט און
אָנגעקוקט אַ רגע דעם פרעמדן מענטשן מיט דער האַר־
טער הוט, מיט דעם אָנגעשטעלטן קאָלנער, מיט דער
טונקל־בלאָנדער בערדל און ער האָט גלייך נאָכדעם
אַ שפּרונג געטאָן פון אָרט. איידער דער באַלעבאָס
וואָלט זיך עפּעס געכאַפּט וואָלט געווים יואַליק דורכ־
געלאָפן און נֶעֱלַם געוואָרן. אָבער זיין אומגליק איז גע־
ווען, וואָס די שטריק האָבן זיך נאָכגעשלעפּט, לאַנגע
שטריק, און ווען ער איז שוין אַליין געווען אַרויס פון
שפּייכלער, האָט דער ייד מיט דער האַרטער הוט
אָנגעכאַפּט פאַרן שטריק און געשריען איבערן גאַנצן
הויף:

— כאַפּט אַ גַנָב!...

יואַליק האָט זיך דערשראָקן. ער האָט אויך דער־
פילט, אַז מען האַלט אים צו, איז ער געבליבן שטיין.
מען איז אַרויסגעלאָפן פון די הייזער. מענטשן האָבן גע־
רעדט, געשריען. יואַליק האָט דערפילט, ווי דער ייד מיטן
האַרטן קאַפּעליוש פּאַטשט אים איבערן פּנים און שרייט:

— זאָג, ווי קומסטו אַהער !... זאָג !... גַנָב !...

פּאַטשט איינמאָל און נאָכאַמאָל, יואליקס פּנים באַקומט אַן אַנדער אויסזען, די אויגן זיינען אָנגעלאָפן, די באַקן זיינען רויט געוואָרן און ער האָט געערעדט:

— וואָס שלאָגט איר זיך !... וואָס האָב איך אייך געטאָן ?...

אַגַב, איז דערווייל אָנגעלאָפן אַ פּאָליציאַנט. יואליק האָט זיך דערשראָקן בְּשַעַת יענער האָט אים אָנגענומען ביים פּלייצע.

— לאָזט אים אָפּ, ס'איז לייזער דעם סטאָלערס, עָלָיו הַשָלוֹם... לאָזט אים אָפּ... — האָט זיך אָפּגערופן עפּעס אַ ייד מיט אַ קעסטל סטאָלערישע מַכְשִירִים; אָבער דער פּאָליציאַנט האָט ניט געוואָלט הערן און אים אָפּגעפירט אין צירקל.

דאָרט האָט מען רק געוואָלט ביי אים דערגיין, ווער זיינען די יינגען, וואָס זיינען מיט אים געווען. נאָר יואליק האָט זיך פאַרעקשנט און געשוויגן:

— איך ווייס ניט...

האָט מען אים געשלאָגן, אָבער גאָרניט דערגאַנגען האָט מען אים אָפּגעהאַלטן אַ פּאָר טעג פּאַר־

שפאַרט, אים אָנגעשלאָגן און אַרויסגעלאָזן אויף דרויסן:
— גיי צום טייוול...

VII

אַז יואליק איז פון פאָליציי אַרויסגעגאַנגען, האָט ער די ערשטע טעג ניט געפונען זיין וועגל — נֶעֱלַם געוואָרן, ניטאָ. אָבער די חברים־יינגלאַך האָבן זיך געגומען און מען האָט עס אויפגעזוכט. אָבער ער איז שוין געווען איינגאַנצן אַ צעבראָכענער און אַ קאַליקער. ביידע רעדער זיינען געווען אַראָפּגענומען, מער האָט מען אים שוין ניט געקאָנט ניצן. דאָס האָט מען זיך אויף אים מְרַחֵם געווען, בְּשַׁעַת מען האָט אים געהאַלטן אין צירקל. יואליק האָט זיך געבאַטערט אַליין ווי ס'איז צוריק צו מאַכן צו לייט זיין וועגל, האָט צונויפגעשלעפּט דראָט, טשוועקעס און אייזנס, האָט זיך צעריסן די הענט און זיך געשאָלטן און אַז עמיצער פון די גאַס־יינגלאַך האָט אים געוואָלט העלפן, האָט ער זיך געזידלט און געבייזערט:
— מאַראַווייכער... טרעט אָפּעט! דו האָסט, מְסֻתָּמָא, אַראָפּגעצויגן מיינע רעדער... אַ פינסטערניש אויף דיר!...

און יעגער פון די גאַס־יינגלאַך האָט זיך גערייצט מיט אים.

— יואליק חזירניק !...

האָט ער געמוזט שוין זוכן עפּעס אַנדערש, וואָס צו טאָן, וואָס צו טראָגן אויפן פּלייצע. איז ער אַוועק צום וואָקזאַל וואַרטן אויף אַ פּאַרדינסט, נאָר צו אַ רעכטן פּעקל לאָזן דאָך ניט צו די גרויסע, וויינען די פּאַרדינערן גאָר קאַרגע און זעלטן ווען עס מאַכט זיך עפּעס פּרנסה.

זיינען אַזוי אַוועק אַ סך וואָכן. זיין רעקל איז אַ ברוינער און אַ געקעסטלטער — אַ ענגלישער, מערניט ער איז אַ לאַנגער אַ צעריסענער. זיינע הויזן זיינען ברייטע און קורצע, און פון ערגעץ האָט ער באַקומען אַ טוכן, איבערגעלייגט היטעלע, נאָר אָן אַ דאַשיק... דרייט ער זיך אַרום ביים וואָקזאַל, ביי די קראָמען און זוכט מיט די אויגן, וואָס עס זאָל אים אַריינפאַלן אין האַנט, און אַז עס איז ניטאָ וואָס צו טאָן, טשעפּעט ער זיך מיט די הינט, וואָס לויפן פאַרביי און זוכן אויך רק עפּעס אַרום, ווי זיי וואָלטן עפּעס פאַרלאָרן, ווי זיי וואָלטן זיכער עפּעס וויסן צו געפינען, פאַרט ער אונטער

מיט לייבל קאַשטאַנס פּוד און ער וועט שוין דאָרט בײַ אים פאַרדינען. און לייבל קאַשטאַן האָט בחורווײַז געדינט מיט לייזער דעם סטאָלער אין איין פאָלק; ער, לייבל, איז געווען אַ אײַנפּאַקער וועלנער און לייזער איז געווען אַ „עפּרייטער", ער האָט געהאַט אַ בענדל אויף די שליפעס און ער האָט געמאַכט פאַר אַלעמען פּסח. דערציילט דאָס לייבל קאַשטאַן פאַר לייזערס יינגל — פאַר יאַליקן.

— דײַן טאַטע איז געווען אַ געלערנטער...

כאַפּט זיך אַרויף אויף יאַליקס האַרץ אַ סבייט נער קלעם, ווי עס כאַפּט זיך אַרויף פאַרנאַכט אַ קעצל אויף אַ פאַרקאַן און דראַפּעט זיך איין און מיאַאוקעט

— טאַטע — טאַ טע טאַטע...

און דאַמאָלסט איז שוין יאַליק גאָר אַ גרויסער יינגל. נעמט אים אַרײַן לייבל קאַשטאַן פאַרנאַכט צו זיך אין שטוב, הייסט זײַן ווײַב, זי זאָל אים געבן אַ טעלער ציבעס. יאַליק פאַרקוקט זיך מעשה מבין אויף קישטאַנס עטאַושערקע און ער ווייס זיכער, אַז ער וואָלט דאָס אַליין געקענט מאַכן ער האָט געזען אַמאָל ווי זײַן טאַטע פלעגט דאָס שניצן.

און בְּשַׁעַת לייבל קאַשטאַן צוואָגט זיך און גיסט זיך מיטן הייסן וואַסער און מידלינעס לְכָבוֹד שַׁבָּת און טרייסלט נאָכדעם אָפּ זיין באָרד פון וואַסער, און ער איז צופרידן, וואָס לייזער דעם סטאָלערס יתום האָט ביי אים געגעסן צימעס, רופט ער זיך אָפּ:

— מ'דאַרף עפּעס פון דיר מאַכן אַ תַּכְלִית...

נאָר יואליק קוקט זיך איין ווי קאַשטאַנס ווייב בענשט ליכט און עס קומט אים פאַר די אויגן זיין מאַמע, וועלכע ער האָט געשלעפּט איפן שליטל ווינטער ביינאַכט דורכן וואַלד און די לְבָנָה האָט באַלויכטן אירע גרויע האָר.

ווענדט ער זיך צו לייבל קאַשטאַן:

— אַז איר פאָרט אַרוים מיט סחורה, נעמט מיר מיט...

און אין יענעם פרייטאָג צונאַכט איז יואליק גאָר אַ סטאַטיק. ער גייט אפילו מיט לייבל קאַשטאַן צוואַמען אין קְלויז אַריין.

און ווייל עס איז שבת און ווייל לייבל קאַשטאַן האָט רַחְמָנוּת אויף לייזער דעם סטאָלערס קַדִּיש, רופט ער זיך אָפּ צו די בַּעֲלֵי־עֲגָלוֹת:

— מ׳דאַרף מיט דעם ייִנגל מאַכן אַ תּכלית...

## VIII

שטייט ער אַזוי איינמאָל אין גאַס און קוקט אויס עפּעס צו פּאַרדינען, ערשט די עלטערע וועגל־פירער האָבן אים אַ רוף געטאָן:

— קום, יואליק, העלפט עפּעס פּאַרדינען...

איז ער מיטגעלאָפן, ערשט די אַרבעט איז גאָר אַ פריילאַכע.

מען טראָגט פון צווייטן שטאָק אַראָפּ בענקלאַך, טישן, שאַפקעס, מען טראָגט לאַלקעס, קינדערשע פּליט־קעס, מ׳טומלט, מען האַוועט, עס לויפן אום קינדער, טראָגן אַראָפּ און שרייען און לאַכן, און יואליק טראָגט קליינינקע ווייסע בענקעלאַך און טישעלאַך און לייגט אויף אַ וואָגן אַרויף...

שוין אַ גרויסער ייִנגל איז יואליק, אַ גאַנצער מענטש, און דאָך האָט ער זיך פאַרקוקט אויף אַ קליי־נער, גלאַנציקער קינדערשער עטאַזשערקעלע, אויף דעם געזימשל, אויף די קיילאַכדיקע קעפּעלאַך, אויף די פּאָליצקעס און געקוקט מַעֲשֶׂה מֵבִין, מַעֲשֶׂה בַּעַל־

מְלָאכָה. ער ווייס גאַנץ גוט, ווי אַזוי מען מאַכט אַזאַ עטאַזשערקע, ער וואָלט דאָס קענען מאַכן.

דאָס האָט מען געפירט אַ שול אין וואַלד הינטערן שטאָט אויף קאָלאָניע. עס איז געווען פריילינג־צייט. צו טראָגן פון די טרעפּ אַראָפּ איז געווען וואַרים און פריי־לאַך און נאָך פריילאַכער האָבן געמאַכט די קינדער פון שול מיט זייערע געלעכטערס, און דער פורמאַן מיכל ליעבערל, וואָס האָט אויף זיין דינעם קולכל גע־קוויטשעט אויף די קינדער פון שול.

יואליק איז דעם ערשטן מאָל אין אַ שול. דאָט הענגט אויפן וואַנט אַ פערד, אַן אֶמֶתער, גרויסער פערד, וואָס אָט נעמט ער און גייט אַראָפּ פון וואַנט און פאָרט אַוועק. יואליק האָט צו אים אַ שמייכל געטאָן, אונטער־געפייפט און זיך אָפּגערופן:

— אַניאָ, וואַסקאַ... אַניאָ...

יואליקס חֲבֵר האָט געשלעפּט גאַנצע קאַסטנס מיט ביכער. פולע קאַסטנס. צו וואָס דאַרף מען דאָס אַזויפיל ביכער?

— די יאַטן לייענען... די פּריצים... האָט זיך איי־נער פון די פורמאַנישע יינגלאַך אָפּגערופן.

יאליק האָט אַרויסגעצויגן אַ בוך, אים געבלעטערט מיט די קינדערשע נאָר פאַרגרעבטע פינגער און גאָר ניט געוואוסט, אַז ער האַלט דעם בוך פאַרקערט:

— וואָס שטייט דאָ אין די ביכער, מאַטקע?... האָט יאליק געפרעגט.

— עס שטייט באָבע־מַעֲשׂיות...— האָט מאַטקע געענטפערט און געלאַכט.

און יאליק האָט געטראָגן אויפן וועגל קעסטלאַך און שטעקלאַך און הויכע הילצערנע האַמערס און ניט געוואוסט, צו וואָס דאָס איז. נאָכדעם האָבן זיך די פורן און וועגלאַך געלאָזן אין וועג. יאליק איז געוואָרן שטאַרק נִתְפָּעֵל פון דער גאַנצער נְסִיעָה און געלאָפן פון אַלע זייטן פורן, גערעדט גיך און אינדערהויך און געשריען צו די פערד.

— ניאָ... ניאָ... ניאָ...

## IX

די פורן זיינען אַריינגעפאָרן אין גרויסן וואַלד־הויף, וואו עס זיינען געשטאַנען די פיר גרויסע הייזער פאַר די קינדער. אַרויספאָרנדיק אויפן הויף, אויפן גראָז או

צווישן די ביימער, האָט זיך יואליק אָפּגעשטעלט אַ פאַרגאַפּטער און צוטומלטער — ער איז צום ערשטן מאָל אויף אַזאַ פריצישן הויף... ער האָט זיך אומגעקוקט אויף זיין צעריסענעם חילוק און זיך עפּעס פאַרשעמט.

אַרויפצו הויף האָט זיך געקערט די וועלט. אַ שטיפעניש, אַ לויפעניש, אַ זשוושערײַ, געלעכטערס און קולות און אַ קלאַפּערײַ. דאָס לויפן אַרום און עסקן זיך און האַוועז די קינדער פון דער קאָלאָניע. מען זעט גאָרניט קיין סוף צו די ביימער, און אין לופטן שפּרינגען, שוועבן, פלאַטערן בַלערליי מינים באַשעפענישן און פליגעלאַך, און אויפן דאַך שטייען גרויע פייגל מכל הסאָרטן. צוויי פרעמדע פערד, איינער אַ ווייסער און דער אַנדערער אַ ברוינער פּאַשען זיך אינמיטן העלן טאָג אונטער די ביימער, צופּן די גראָז און וואַרפן אום מיט זייערע עקן און ציען אויס זייערע העלזער פון צופרידנקייט און פערדישקייט.

נאָכן האָט זיך גענומען אויספּאַקן, יואליק האָט געאַרבעט פלייסיק און פריילאַך און ווי עמיצער וואָלט אים אינעווייניק יאָגן גיכער, און אין האַרצן האָט אַרומגעגנישטערט אַ מאָדנער וואַרימער און אָנגענעמער ווינטל.

מען האָט געטראָגן אין די הייזער אַריין, צעשטעלט, אָראָפּגעלאָזן אויפן גראָז און פול געמאַכט דעם הויף מיט אַלע סאָרטן און פאַרבן מעבל און מינים שמאַטעס. יואליק האָט איינער אַליין אַריינגעקייקלט די פאַס אין קיך, די לאַנגע בענק צעשטעלט אויפן הויף, וואו מען האָט געהייסן, האָט געטראָגן אַ גרויסן הילצערנעם פערד אין שטוב אַריין צו די קליינע קינדער.

ער איז געווען אַזוי פאַרטיפט אין טאָן, אַז ער האָט גאָרניט געפילט, ניט באַמערקט, ווי די פורמאַנעס זיינען אַראָפּגעפאָרן פון הויף. ער האָט גאָר געפּאָמפּעט וואַסער פון נידעריקן אייזערנעם פּאָמפּ עמער נאָך עמער — פאַר אַלע קינדער.

— יאַטן, אייך איז דאָ גוט... — האָט זיך יואליק אָנגערופן צו די קינדער, וואָס האָבן געטראָגן די שיסלען וואַסער אויף די ווערענדעס זיך אַרומצעוואַשן.

די קינדער האָבן אים אויף דעם ניט געענטפערט, נאָר זיי האָבן מיט אים גערעדט וועגן אַנדערע תּוך־זאַכן, וועגן דעם, אַז באַלד וועט מען זיי געבן חלה מיט קאַקאַאָ און אַז מאָרגן דאַרף מען אויפשטיין ווינ א ווייגער...

נאָכדעם האָט מען געדאַרפט ברענגען פון בעקער ברויט. דער בעקער וואוינט דאָ אין וואַלד איבערן וועג. יואליק איז ניט פויל. ער גייט צוזאַמען מיט די קינדער ברענגען. ער וועט טראָגן איפן פּלייצע אַ גאַנצן זעקל מיט ברויט. עס וואָלט גוט געווען, ווען די קינדער וואָלטן געהאַט אַ וועגל, וואָלט מען דאָס געקענט צופירן. נאָר, אייגנטלאַך, דאַרף מען נאָר האָבן רעדער, וואָלטן זיין רעדער, שלאָגט צונויף יואליק אַ וועגל איינער אליין. עס איז ניט קיין גרויסער קונץ.

אַז מען איז געקומען פון בעקער מיט די ברויט, איז שוין געווען פאַרנאַכט.

דער חברה־מאַן איז אַ פרייִלאַכער... האָט איינער פון די יינגלאַך געזאָגט וועגן יואליקן.

ווייל דאָס איז יואליקן געפעלן געוואָרן, איז ער אַוועק ווידער מיט חֵשֶק פּאָמפּען וואַסער און עס אָנ־טראָגן אין קיך. ער האָט אינמיטן דער אַרבעט אַראָפּ־געוואָרפן פון זיך זיין לאַנגן רעקל, געבליבן שטיין מיט זיינע הויך־אַרויפגעצויגענע הויזן, וואָס זיינען אַרומגעבונדן מיט אַ שטריק, האָט מיטן אַרבל געווישט דעם שוויים און געאַרבעט.

— יאַטל, טראָג אַרוים אַ קיי...— האָט זיך יואליק געווענדעט צו אַ יינגל, מיט וועמען ער איז חבר געוואָרן ביים וואַסער.

יענער האָט אַרויסגעטראָגן אַ שטיק ברויט מיט פוטער. יואליק האָט זיך אָפּגעזעצט און געגעסן מיט חשק, שפעטער האָט ער זיך געשפּירט שולדיק פאַר דעם ברויט און ער האָט זיך גענומען פאַר דעם הויכן בעזים אַרומצוקערן אַרום קוך...

האָבן זיך די שול-קינדער איינגעקוקט אויף דעם פרעמדן יואליק, וואָס קערט זייער הויף, און עפּעס גע־שטויגט און געשמייכלט. בילא, זאָל ער קערן מיט דעם נייעם הויכן בעזים...

ערשט נאָכדעם האָט זיך יואליק דערמאָנט, אַז עס איז שוין גוט טונקל, אַז ער איז דאָ אַ פרעמדער יינגל, אַז פאַר זיין אַרבעט האָבן שוין געווים אָפּגענומען די פורמאַנעס, וואָס זיינען נאָך ביטאָג אָפּגעפאָרן פון הויף. האָט ער אינמיטן געלאָזט שטיין דעם בעזים, זיך עפּעס דערמאָנט און זיך אָפּגערופן צום יינגל:

— איך האָב ניט קיין טאַטן און איך האָב ניט קיין מאַמען...

און ער איז אַוועקגעגאַנגען. נישקשה, ער וועט טרעפן אין דער פינסטער. איז ער אַליין אַוועק אין וועג צום שטאָט

האָט זיך עפּעס אויפגעוועקט אין חבר, ווי עס עפנט זיך אַמאָל אומגעריכט אויף אַ טויער פון אַ סאָד, און ער איז געלאָפן צום לערער.

— זאָל דער יינגל דאָ בלייבן נעכטיקן...

— וועלכער יינגל?...

— אָט דער... וואָס איז אַוועק... וואָס האָט דאָ געאַרבעט...

— זאָל ער בלייבן... האָט דער עלטערער גרוי־לאַכער לערער געזאָגט.

יואליק איז שוין געווען אַרויפצו אויפן בערגל און דער יינגל האָט אים געשריען:

— יינגל!... יינגל!... קום צוריק!... יינגל!...

מען האָט אים ביים נאָמען נישט אָנגערופן, נאָר ער האָט אין דער טונקל דערשפּירט, אַז דאָס רופט מען אים, און ער האָט זיך אָפּגעשטעלט און אומגעקערט.

— וואָס? — האָט ער געשריען פונדערווייטנס.

עס האָט אָפּגעקלונגען דער געשריי אין וואַלד.

— קום צוריק !... קום !... — האָט דער יינגל פון צווייטן זייט וועג געשריען.

— איך גיי !... — האָט יואליק געענטפערט.

און נאָכדעם האָט מען געהערט די טריט צוריק און ביי דעם פרעמדן יינגל האָט עפּעס געקלאַפּט דאָס האַרץ.

יואליק האָט זיך אומגעקערט צו נעכטיקן אין קאָלאָניע.

## X

אויף מאָרגן איז שוין יואליק ניט געגאַנגען צוריק אין שטאָט: דאָ אין קאָלאָניע האָט זיך אָפּגעזוכט פאַר אים אַר-בעט. מען האָט גראַדע געניטיקט זיך אין אַרבעטס-הענט און יעדער איינער האָט געקענט מיט אַרבעט ברענגען נוצן. מען האָט געדאַרפט מאַכן בענק אונטער די ביימער, פאַרריכטן דעם פּאַרקן, מען האָט געדאַרפט ברענגען אין אָרדענונג דעם הויף, מען האָט געאַרבעט אַרום די פּאָליצעס, אַרום די אייזערנע בעטלאַך, מען האָט גע-דאַרפט אויף צוויי וועגלאַך פירן האָלץ און יואליק איז

דאָך ניט געווען פויל אויף אַרבעט.

די יינגלאַך האָבן זיך גיך צונויפגעחברט. אין דער יינגל־שטוב האָט מען זיך דערוואוסט, אַז יואליק האָט ניט קיין טאַטן און האָט ניט קיין מאַמען, האָט מען פאַר אים צורעכט געמאַכט אַ בעטל און מען האָט אים גענומען אין חֶבְרָה אַריין.

מען האָט געדאַרפט אויסגראָבן אַ גראָבן אַרום פּאַרקן, וואָס זאָל אָפּציִען די רעגן־וואַסער. דער עולם האָט געאַרבעט פליסיק מיט די לאָפּעטעס. פון זיך אַליין איז געוואָרן יואליק אַ „עלטסטער" און ער האָט געקאָמאַנדעוועט, אַקוראַט ווי ער האָט דאָס געדענקט פון אַמאָל, פון די דייטשן:

— איך וואַר „פּאָרמאַן"... אימער אַרבעט!.. קערל!..

די קינדער איז דאָס געפעלן געוואָרן און ס׳איז גע־ווען פריילאַך אין דעם וואַרימען, פרילינגדיקן טאָג אונ־טער יואליקס קאָמאַנדע.

מען האָט אין קאָלאָניע איינגעאָרדנט אַ שמירה. ביים טויער האָט אַלע מאָל געדאַרפט שטיין אַן אַנדע־רער אויף דער וואַך אויף אַ פּאָר שעה. יואליק האָט זיך פון האָלץ אויסגעשניצט אַ ביקס, האָט אים אַרויפ־

געליגט אויפן אַקסל און געשטאַנען, אַלס שומר, ביים אַריינגאַנג. טאָמער פלעגט עמיץ פון די קינדער װעלן עפּעס טאָן אָן אַן ערלויבעניש פון קאָמענדאַנט פון דער קאָלאָניע, פלעגט זיך יואליק ערנסט און בייז צעבייזערן:

— צום קרייץ, דאָנער װעטער !...

האָבן שוין אַלע געװאוסט, אַז יואליק איז פאַרבליבן מיט אַלעמען אין קאָלאָניע. זיין הילוך איז נאָר געװען אַ ביסל אַנדערש פון אַנדערע קינדער, אָבער אַזוי איז ער געװען גלייך און חבר מיט אַלעמען, ער האָט אָבער ליב געהאַט מער װי אַנדערע זיך צו נעמען צו די שװערע אַרבעטן.

באַזונדערס האָט זיך יואליק אויסגעצייכנט ביים מאַכן דעם בריקל איבער דער קליינער סאַושקעלע — אַ אמתער בריק, װי איבער אַ גרויסן טייך. אַ גאַנצע װאָך האָט יואליק מיט נאָך פיר קינדער אָפּגעאַרבעט װי אֶמֶתע בַּעֲלֵי־מְלָאכות ביי דעם בריק, פאַרנאַכט אַראָפּגעקומען פון דער אַרבעט מיט זייער „פאָרמאַן" יואליק און מיטן געצייג און צופרידענע.

עס איז אויך געװען אַ גרויסע און װיכטיקע אַרבעט איינצואָרדנען די פעסטונג מיט די טונעלן. און יואליק

האָט געפירט די מִלְחָמָה מיט די עסטרייכער און ער איז געפאַלן טויט אויפן באַרג אַזוי ווי זיין טאַטע — דאָס איז געוואָרן די וויכטיקסטע שפיל ביי דער גאַנצער קאָלאָניע.

—

פאַרנאַכט און ביינאַכט דערציילט מען זיך מַעֲשׂיות. די מַעֲשׂיות הערן זיך איין אַלע — סיי די קינדער, סיי אַמאָל דער גרויזאַמער לערער, די סאָסנע־ביימער שפּיצן אָן זייערע נאָדלען. דערציילט יואַליק פאַר די קינדער ווי אַזוי ער איז געבאָרן מיט זיין מאַמען ווינ־טער־צייט אין ווייסן וואַלד אַליין און באַגעגנט דעם פּאַטרול. דערציילט ער אַמאָל, ווי ער איז אַ יָתוֹם גע־וואָרן, דערציילט ער, ווי אַזוי זיין טאַטע איז געפאַלן אויפן באַרג און ווי אין וואַסער אַריין...

— אַ־אַ!... קומט אַרויס עמיצער פון די לערער און רופט די קינדער צו דער װעראַנדע און יואַליק ציילט גאָר אויס מיט די קינדער אַ נייע ציילעניש בְּשַׁעַת מַעֲשֶׂה:

עגדע קאָמענדע דורך אַ נאָדל
דער וואָס וועט ווײנען,
דעם וועט מען שלאָגן,

אַש־טאַש טישעלע
פיינע־פיינע בריקעלע
ציפּ־צאַפּ בוראַקעס,
אַ־פּאַ־פּאַ אינדיקעס
אייוער־אייוער איקס,
מַלְאַך־הַמָּוֶת ביקס.

אָבער אַז יואליק הערט, ווי דער גרוילאַבער, ני־דעריקער לערער רופט די קינדער, צעשרעקט זיך יואליק, ער מיינט, אַז מען וועט אים באַלד אָפּשיקן צו־ריק אין שטאָט אַריין, טוליעט ער זיך איין אין זיך, ווערט קלענער ווי ער איז און באַהאַלט זיך אין זיין נייער שוואַרצער, אַמעריקאַנער בלוזע וואָס ער האָט באַקומען דורך די קינדער.

דער נידעריקער לערער צעטיילט אויף מאָרגן די באַשעפטיקונג:

— טראָלקע וועט פאָרן אין שטאָט נאָך ברייט...
לייזער וועט פאַרטאָג גיין צום בעקער נאָך ברויט...
חַנָּה און עטל וועלן נייען די וועש... משהקע און קַלְמָן וועלן גיין אויף דער קיך... און—יואלקע...

יואלקע דערשרעקט זיך, וואָס מען האָט דער־

מאַנט זיין נאָמען, נאָר באַלד אָבער ווערט ער פריי־
לאַכער.

יואלקע וועט מאַכן די שטעגלאַך אין גאָרטן...
יואלקע קען גוט שניצן... זאָגט דער גרוילאַכער לערער.

און דעמאָלסט גייט מען צופרידן שלאָפן. ער
האָט ניט וואָס מורא צו האָבן — ער פאַרבלייבט שוין
מיט די קינדער.

